אי קיפניס

# שטענדיק גרייט

א געגראַמטע פּאָעמע פאַר קינדער

—

—

צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק — 1930

## I

צי קענט איר ניט אַ יאַטל
פּיוול טראָפּעי?
(זיין עמעסער נאָמען איז רויטער)
איך פרעג עס אייך, קינדער, גלאַט אַזוי,
אין שפּיץ פון א מאַכנע גייט ער!

פּיוול טראָפּעי
פון אַ ביקס קען ער שיסן,
פּײַוול טראָפּעי, זאָלט איר וויסן,
איז אַ גאָלד, ניט קיין יאַט,
ער איז אַ כאַוואַער און אַ כוואַט!

נו, וואָס? איר ווייסט ניט,
טאָ הערט, איך דערצייל
(יאָ, אַ מאַיסע אַזאַ מין
פון דעם יאַטל דעם וואָילן):

אין אַ שטעטל אַזאַ מין,
ווי טוראָוו, צי ליאַנטשוק,
האָט געוואוינט אַ ייד אַ באַלמעלאָכע,
ווען אין לאַנד הערשט דער „צאַר",
דער פּריסטאַוו און דער קאַנטשיק,
האָט דאָרט דער אַרבעטמאַן אַ וויסטע מאַראָכע.

ער מוז דאָך דאָרט האָרעווען
פֿון פֿינצטער ביז פֿינצטער;
ער האָט ניט ערגעץ קיין דייע צוזאָגן,
די קינדער אים ווערן
פֿאַרוויסט און פֿאַרפֿינצטערט
מיט נאַקעטע לײַבער און ליידיקע מאָגנס.

דערווײַל הערט מען פֿון שטעט אַזעלכע גריזן—
ס׳גייען אַרום דאָרטן אַרבעטער, וואָס שטרײַקן און שיסן:
די הערשער, די זויגערס—זיי ווילן ניט וויסן,
מיר אַרבעטן שווער און פֿאַרדינען ניט דעם ביסן?!..
— — — — — — — — — — —
און אונדזערע קינדער דאַרפֿן אומגיין צעריסן? צעשליסן?
— — — — — — — — — — —
גייען אַרום דאָרטן אַרבעטער און זיי שטרײַקן און שיסן.

און פֿיוול טראָפּעי
זיצט באַם פֿענצטער און נייט
באַ זײַן פֿעטער דעם שוסטער—וואָלע רײַצעס.
וואָס נייט ער?—ווילט איר פֿרעגן—
ברייטע פויערשע שטיוול!
און יאָר איז אים דעמלט
אָט איך וויס ניט צי דרײַצן.

אָבער אַ יאַטל איז עס, זעט איר,
גאָרניט קיין פּ ע פּ ק ע
(די שכיינישע קינדער רופֿן אים:
„קרעפּקאָ“),

פליט ער אַף נײַסן,
ווי אַ פליג אַף פײַער,
און יעדער נײַס פון אַ צײַטונג
איז פאַר אים בויטיק און טייער.
ער זאָגט:
איך בין דען ניט אַ מענטש
מיט מענטשן גלייך,
איך זאָל מעגן וויסן, וואָס מע שרײַבט אין די גאַזעטן?
און אויב די אַרבעטער אין די שטעט,
זיי ווילן ניט קײַן קייסער,
טאָ לעמײַ זאָל מען זיי יאָגן און טרעטן?
— — — — — — —

---

פּיוול טראָפּעי, נײַט דעם טאָג
און אינאָוונט איז ער אַ פרײַער פויגל.
וויל ער מיט קינדער זיך שפּילן אין גאַס,
טרייבן זיי אים
(ווי ער וואָלט כאַפּן פון די מולטערס בייגל),
ווערט פּײַוול איינמאָל אינקאַס
была не была
און קנאַק מיט אַ שטיין אין ערשטן פענצטער
— — — — — — — — — —
— אהאַ!?
— ווער איז?
— טוט אַ קוק נאָר אַזוינס!
— אַ יאַטל זאָל גאָר ברעכן פענצטער?!
— כאַפּט אים!
— האַלט אים!
— שלאָגט אים!
— שמײַסט!
— האַ, אין דײַן טאַטנס טאַטן!

קראַנק ביסטו זיצן
פאַנאַכט ווי באַטאָג
און נייען און שטעפּן, און לאַטן?!
— — — — — — —
— — — — — — —

---

קיין פּעטש איז דאָך פּסול קיינמאָל ניט זשעדנע,
און ווו מע האָט געקענט — האָט ער געצאָלט אָף צוריק.
דערנאָך אינדערהיים, אַף דער פלאַקסענער רעדנע,
האָט ער שטענדיק געהאַלטן די פויסטן געדריקט:
— — — — — — — —

יאַטן, אָ יאַטן, דער רועך זאָל אונדז נעמען,
ביזוואַנען איז דער שיר כאַפּן פּעטש און שווייגן,
ס'וועט דאָך קומען אַ טאָג,
אַז פאַרגיין וועט זיי אַ קלאָג!
ניט שוין זשע וועלן מיר זיי ניט קענען אַף טאַבאַק צערייבן?
— — — — — — — —

---

וואָס זאָגט איר פּאָדעשוועס?
(סלאָוועשנער פּאָדעשוועס)
— פּעטערל, איר וועט מיר נעמען אַף וואָגן?
(מע האָט געבראַכט צו וואָלין
פון סלאָוועשנע פּאָדעשוועס,
בעט זיך פּסול צום שמײַסער אַף וואָגן)
זאָגט אים דער שמײַסער:
— שויטע דו איינער!
דו מיינסט אַוואַדע, אַז בײַ אונדז איז בעסער.
די אייגענע שפּיל בײַ אונדז ווי בײַ אײַך,
קען דען זײַן גוט, אַז אַן אוריאַדניק איז קייסער?!

---

שאַבעס אַ טאָג אַ פריַיער באַ פיוולען,
עסט ער אָפּ וואַרמעס און גייט באַטראַכטן די וועלט.
באַגעגנט ער אַ פויער וויינען אין פעלד,
פרעגט אים פיוול:
— דו! וואָס וויינסטו,
ס'איז דיר קאַרג די וועלט?
— — — — — — — —
— אי, וואָס אַ נאַר קען—
קוקט דער פויער אָף פיַיוולען:
דו מיינסט דאָך אוואַדע, אַז מיר איז די וועלט?
דו זעסט די צוויי הענט? מיַין גאַנצן פאַרמאָגן?
און האָרעווען איך האָר'ווע אַף פריצישע פעלדער!
— — — — — — — — —
מען דאַרף אויסהאַלטן דעם פאָרעץ,
דעם „צאַר" און דעם גאַלעך,
אַרבעט איך באַטאָג, ווי באַנאַכט,
זיי עסן מיר אָפּ מיַין געזונט מיט מיַין קאָפּ,
און איך מיט מיַין שטוב
בליַיבן שטענדיק פאַרשמאַכט — —
— — — — — — —
איז אַוועק טראָפּעי, און קלערט צו זיך זעלבסט:
זעסט? ער איז דאָך אונדזערער אַ יאַט!!
מיט שוסטער, מיט שניַידערס, מיט שמידן מיט בויערס
מיר וועלן אַלע איבּיינעם אַמאָל שלאָגן בלאַט

## II

איינמאָל באַנאַכט
כאָלעמט זיך פיַיוולען,
ווי ער זיצט זיך באַם פענצטער
און פאַקעוועט אַן אָפּצאַס.
פונוואַנען, פונוואָס

הויבט זיך אופּעט אַ שטורעם,
און ער צעקאָלאָטעט די גאַנצע גאַס.
— — — — — — — —
און רוכעס און סטראַזשניקעס,
און פּריסטאַוועס, און געשפּענסטער
שטופּן די מאָרדעס צו וואָלין אין פענצטער
און זיי קרומען זיך און רײַסן זיך און קוויטשען אַזוי—
אַלע אַף פּיוולען טראָפּעי:
— דו אַזוינער און אַזוינער!
שוסטעראַקל דו קליינער!
דו ווילסט אַ רעוואָלוציע?!
מיר אַף דיר מאַכן אַ קאָנטריבוציע!
מירן דיך כאַפּן,
מירן דיך קלאַפּן,
מירן דיך שמידן אין קייטן,
מירן דיך צערײַסן אַף אַש
און איבער אַלע יאַמען צעשפּרייטן!
— — — — — — —
און אַזוי האָבן זיי זיך צעהוליעט די שיידים
אַרום פּריפּעטשיק, צווישן אויוון,
אונטערן דאַך און אַפּן בוידעם,
און אַפּן גאַס טוט זיך גאָר כוישעך:
ס'טראָגט און דרייט,
ס'הוקעט, ס'קרויט
און אַ קוויטשערײַ טראָגט זיך פון איין עק וועלט ביזן צווייטן.
אויב אַזוי?
(איז טאַקע פינף ביט צוויי!)
כאַפּט פּיוול די פּיס אַף די פּלייצעס
און לאָזט זיך פּאַמעלעכקע לויפן,
איבער גערטנער און איבער הויפן,
איבער ריוועס און איבער שליאַכן,
— — — — — — — — — — —

אָבער פֿון אומעטום קוקן אַף אים פֿענצטער און זיי לאַכן.
אַלטע בערד מיט אים זיך רייצן:
דו וועסט נאָך, שייגעצל, די באָד בא אונדז הייצן;
דו וועסט נאָך, שייגעצל, בא אונדז וואַשן די דילן,
דערפֿאַר, וואָס דו לייגסט ניט קיין טפֿילן.
אָט!
און דו וועסט נאָך גאָר פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן!— —
— — — — — — — — —

אָבער אַז סיניטאָ קיין צייט
און קיין מינסק איז נאָך וויַיט,
וועט זיך פּיוול סאַ־ווי ניט אָפּשטעלן הערן,
לויפֿט ער.
האָ־הָאָ, האָ־האָ, האָ־האָ!
הו־הו, הו־הו, הו־הו!
און קנאַק! מיטן פֿוס אין אַ שטיין!
און פֿון גראָבן פֿינגער יושעט בלוט, ווי פֿון אַ כאַזער,
אָבער פּיַיוול וועט ניט מאַכן קיין געוויין,
ער איז דאָך ניט קיין כיימקע מאַזער
און אויב אַ וועג—איז אַ וועג!
זיַינען דאָרט שטיינער אָן אַן עק
און בלאָטעס און הערנער,
און שטעכלקעס און דערנער,
און פּעניעס און צווײַגן,
און הויכע בערג אַף צום שטיַיגן...
ניין!
אויב גיין, איז גיין — — — — —
לויפֿט אַזוי פּיוול און הוקעט און לאַכט,
אַזוי אַ טאָג מיט אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
פּלוצים דערזעט ער אַ גלעזערנעם דאַך,
און קוימענס אַסאַך,
און שפּיצן פֿון טורעמס
— — — — — —

וואָס ווײַטער, אַלץ נעענטער—
און שוין אַ טראַסק מיט אַ טומל
און אַ רויך ביזן הימל.
פֿריער קלײנע געסעלעך,
נאָכדעם גרויסע,
און וואָס אַ טריט,
ווערט אַלץ ראַשיקער און הייסער;
אויטאָמאָבילן און טראַמווײַען
הערן ניט אויף צו שרײַען,
הערן ניט אויף צו יאָגן
אַף אַלע פּלעצער און אַף אַלע ראָגן,
און אַף די שטײנערנע בריקן,
און אַרום די גרויסע פֿאַבריקן

— — — — — — — — — — —

און נאָך שטרויענע פּאַנעס, ווו נאָר אַ טראָט,
זאָל עס שוין טאַקע זײַן די גרויסע שטאָט???
אַיואַדע!
ס'איז פּיטער! ס'איז פּינסק!
ס'איז מאָזיר! צי מינסק?
און פּיוול דערזעט גלײַך,
ווי עס פּײַקלט אַ פּײַקלער
און נאָך אים גייען נאָך
אַ מאַכנע מיט שטרײַקערס.
הע־הע!
פּיוול טוט זיך אַ לאָז גלײַך אַף זיי:
— איך בין פּיוול טראָפּעי!
איך בין אַ קלײנשטעטלדיקער יאַט!
נאַט!
נעמט מיך צו, צו דער רעוואָלוציע פֿאַר אַ סאָלדאַט!

— — — — — — — — — — —

קוקן זיי אים אָן די יענע,
מיט אָזעלכע צעדאַמטע פּענימער און צעקאָעסטע ברעמען,
און אײנער פֿון זיי טוט אים אַ נעם:

— לייג זיך יאַטל,
מען דאַרף דיך שמייסן!
(און ער וויל טאַקע אַפּדערעמעס אים דערציילן די מייַסע!)
דערזעט ערשט פּיוול, ווו ער האַלט.
ס׳זייַנען דאָך ניט קיין שטרייַקערס!
דאָס זייַנען זשאַנדאַרמען מיט קנעפּ,
מיט פאַריזשעטע קעפּ,
מיט אייַזערנער גוורע
און מיט כאַזערשע צורעס
און מיט געפלאָכטענע נאַהייַקעס.
גאָר אַף צושלאָגן די שטרייַקערס?! — —
אויב אַזוי?
איז טאַקע 5 ניט 2.
ווערט ערשט פּיוולען ענג אין קאָפּ.
דערלאַנגט ער אַ גליטש זיך,
אַ שפּרונג און אַ האָפּקע,
און ער קלעטערט מיט פּיס,
און ער דראַפּעט מיט הענט
איבער פּלויטן,
איבער טורעמס
און איבער גלייַכע ווענט — — — —
זיי לויפן נאָך?
זיי יאָגן?
זיי וועלן פּיוולען ניט דעריאָגן!
דעם ווינט וועלן זיי כאַפּן?
זיי וועלן פּיוולען ניט פּאַקן!
און אין די געסלעך
און אין די לעכער,
צווישן רינוועס
און איבער דעכער, —
פּיוול איז אַוועק מיט די געזשאַנקען
ס׳קען זיי נאָך באַנג טאָן.

און די שטאָט איז זיך אַ שטאָט:
ס׳רודערט,
ס׳קלאַפּט,
ס׳טומלט, ס׳ברענט
(ס׳רויכערט, ס׳טשאַדעט)
און ס׳טראָגן זיך ווענט;
די שוסטערס אין שטאָט
זיינען ווי עמעסע בערן,
קיינער און קיינס קען זיי אין גאָרנית נית שטערן.
יעדער שטיוול בא זיי איז די גרויס ווי אַ בינשטאָק,
יעדער כאָלעווע ווי אַ פּאָס,
פאַרנעמט אַ האַלבע גאָס,
און די שילדן, וואָס דאָרטן הענגען פאַר די שוועלן,
מאַמע טייערע,
עמעסע געמעלן!
פּיוול קוקט אַף צעהען אויגן,
פּיוול הערט אַף אַלע אויערן,
נית שוין־זשע זיינען ערגעץ געשטויגן
אַזעלכע הויכע דעכער
מיט אַזעלכע גרויסע מויערן?!

---

פלוצים
פאַרצוימען אים כעוורע דעם וועג,
און זיי טוען אים אַזוי פּאָשעט אַ פרעג:
— פּיוול! ווּהין פליסטו?
זאָגט פּיוול:
— מה־ם יאָ.
דאָ זיינען ערגעץ אַרבעטער דאָ,
ווען איך וויס ווער איר זיינט,
צי סאָנים צי פריינט?
ה־ן!
איך וויל זיך פאַרשרייבן
פּאָשעט פאַר אַ סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע.

קוקן אַף אים כעירע, ווי אַלטע באַקאַנטע,
מיט פאַרשמאָלצענע ליַבלעך און פּעניִמער קאַנטיִקע,
און איינער דער עלטערער רופט אוים:
— זאָג נאָר פיִוול
דיר איז עפּשער ניִמעס געוואָרן שטיִוול בייען???
— וואָס שטיִוול בייען איז גוט—זאָגט פּיִוול—
איז גאָר קיַין רייד ניטאָ,
נאָר מיך פאַרדריסט
אַלעמיַי זאָלן היִנט געוועלטיִקן?!
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און אַרום טראָגט זיִך אַ נאָענטער גערייד
פּיִוול רייַסט אוף די אויגן פאַרשלאָפענערהייט,
און ער דערזעט
אַ בעט, ניִט קיַין בעט,
ער ליִגט ווי געוויינטלעך איִנם אונטערשטן גרעט,
אין דרויסן איז שוין וויַיסער טאָג,
אין שטוב איז עפּעס אַ גערודער אַ גרויסער,
און מע זאָגט:
ס'איִז אַ סוואָרע...
אַז מע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער.
! ! ! ! ! ! ! !
! ! ! ! ! ! ! !

III

רייַבט פּיִוול פון שלאָף די אויגן,
ווייסט ניִט פּיִוול ווו איז ער געשטויגן
און ווו געפלויגן
(אַ וועלכעס איִז דאָ כאָלעם
און אַ וועלכעס איִז דאָ וואָר?)
ווו איִז דאָס אויסגעטראַכטע
און ווו איִז דאָס קלאָרע?

אַלקאָלפּאָנים
דאַרף מען אַרופּשלעפּן די פּלודערלעך
און אַ וואָש טאָן דאָס פּאָנים
האַ? וואָס?
ס'גלוסט זיך אים ווײַנען?
צי ס'ווילט זיך אים לאַכן?
אַז מ'האָט גאָר געקענט אָן אים
די רעוואָלוציע מאַכן?! — — —

און פון די גאַסן טראָגן זיך
אַ פרישער געזאַנג
אַ טאַצן-געקלאַנג
אַ טופּן פון טריט
היפּ,
טופּ,
סקריפּ.

און רויטע פּאָנען פּאָכען,
גאַסן בויטן זיך און קאָכן,
מענטשן ווערן יונג און ייִנגער,
אַלע גומענס שאַלן,
און אַלע העלדזער זינגען.
און מע'ש אף גאַסן שפּאָגל נײַער
הויבט דעם טראָט
און וועקט דעם אויער
טרו־רו!
טראַ־ראַ!
דזין־דזין!
או־ראַ־
ראַ!
טראַ-
ראַ!

פּיוול איז שוין ניט קיין קליינער,
פּיוול איז שוין ניט אַליין קײַן איינער,
טויזנט פּיוולעך, טויזנט קינדער,
איצט איז קיינער ניט באַזונדער.

---

און יעדער ווינקל שיט מיט רעדעס,
יעדער גאַנעק איז זאַט מיט קלאַנגען,
יעדער סטויפּ באַקלעפּט מיט קעפּ איז.
יעדער קאָפּ—מיט רום באַהאַנגען.
טרו־טרו!
טראַ־ראַ!
דזין־באָם!
אוראַ!
בראַוומס!
באַה!

IV

האַלב אָנגעטאָן,
האַלב נאַקעט,
מיט באָרוועסע פּיסלעך
און אין הויזלעך פון כאַקע,
האָט פּיוול געלאָזן זיך גיין
איינער אַליין,
זיך דערשלאָגן געוואָלט צו אַ גרויסער שטאָט.

געקלערט האָט ער פון מינסק,
נאָר ער האָט אַהין ניט געטראָפן.
נו, טאָ איז וואָס?
איז ער קיין קיעוו פאַרלאָפן,
טאַקע ניט אַזוי גיך טוט זיך,
ווי עס רעדט זיך

אָבער איך זע, אַז דער אוילעם בעט זיך,
איך זאָל עס מאַכן אַביסעלע גיכער,
וואָרעם אַפילע די, וואָס שרייבן ביכער,
טאָרן אויך ניט זײַן קיין קריכער...
נו מיילע, ווי ווער ס׳וויל זיך,
אַזוי קען מען גיך ניט טאָן,
נאָר די געשיכטע פאַרנעמט זיך דאָ פונדאַסנײַ אַ קאָן.

---

מיינאַסטאַם אַלע ווייסן, וואָס אין רוסלאַנד קומט פאָר,
אַף דערוף זײַנען דאָך פאַראַן זשורנאַלן און בלעטער,
און פיוול טראָפּעי—דאָס ווייס איך אַף קלאָר—
האָט זיך זיין אייגנס אין קיעוו אַ פעטער.

האָט אָט דער אַ פעטער
(די לענג אַף צוויי מעטער)
טאַקע אַרײַנגענומען פיוולען אין די לאַפּעס—
„פאָלג מיך גאַנגען,
„לייג מיר לאַטעס
„און זאָלסט אַלע פוסטע מײַסעס פאַרגעסן.
„וואָרעם, אַז דו וועסט מיך ברענגען אינקאַס,
„וועסטו בא מיר קרענקען אַף דער גאַס
„און אַ מאַקע וועל איך דיר געבן עסן!...״

---

ווער ס׳לייענט אַ צייטונג, דער ווייס,
ווי אין די רוסישע שטעט איז געווען דענסטמאָל הייס.
אין מאָסקווע איז אָקטיאַבר אין פולן גאַנג,
און אין קיעוו איז פּעטוראַל און ס׳טוט זיי נאָך באַנג.
אין מאָסקווע איז לענין און די מאַכט פון די ראַטן,
און אַף אוקרײַנע קעניגט נאָך די צענטראַלע ראַדע.

קריגן זיך כּאַיאָלעס טאַקע איינס מיט אַנאַנד
און שטעט זיי..ען באַלאַגערט
און ברענען אין בראַנד,
און אין קיִעוו האָט זיך פאַרקאָכט... קאַשע
פון העטמאַנס קאָזאַקן,
פון דײַטשן און פּאָליאַקן,
און דער געראָטענער דעניקין
וויל גאָר די רעוואָלוציע דערשטיקן.

זעלבסטפאַרשטענדיק, אַז פּיוול
האָט זיך אָנגעגעסן מיט שפּאָט
אַ קינד,
און אַזוי עלנט
אין אַזאַ גרויסער שטאָט;
און זיי אַפילע הונדערט מאָל אַ כעוורעמאַן
און אַ בראַווער,
וועסטו דו דאָך גאָרניט אופטאָן,
אויב דו האָסט ניט קיין כאַווער!
ווערט פּיוול פאַרשוואַרצט און פאַרשמאַכט,
וואַלגערט זיך אום ווי אין אוילעם־האַטויע,
און אַ הונגעריקער טאַפּט ער אַ וואַנט
גאַנצע וואָכן נאָכאַנאַנד!
איצט וואָלט יעדערער וועלן וויסן
מיט וואָס פאָרט האָט פּײַוול פאַרביסן,
טאָ הערט:
אַזוי ווי ער בלאָנקעט זיך איינמאָל אַזוי,
באַגעגענען אים ייִנגלעך צוויי.
זיי רופן אים אָפּ אין אַ טויער
און רוימען אים איין אָפן אויער:
— אַזוי און אַזוי ייִנגעלע
בּאַ אונדז אין יעשיווע וועסטו טאַקע דערזען אַ וועלט
מיט עסן, מיט אָנטאָן און מיט מעזומענע געלט.
צו וואָס דאַרפסטו אַרבעטן באַם שוסטער אין שאַפּ,

צו וואָס דאַרפֿסטו זיך קאָכן אין שוסטערשן טאָפּ,
אַז בײַ דיר איז דאָך אַזאַ גוטער און איידעלער קאָפּ.
קום, נאַרעלע, קום..
און פֿיוול איז הונגעריק און דערשלאָגן,
ער גייט אַרום מיט היץ און פֿאַרטראָגן
(ער ווייסט נאָך אַליין ניט, אַז ער טראָגט זיך מיט טיף),
ווען ער דאָך גיין אומעטום,
אָבער טוט אים אַ רוף.



אין אַ גוטער שאָ,
און גאָט זײַן דאַנק,
פֿיוול שלאָפֿט שוין אין קלויז אַף אַ באַנק,
פֿיוול עסט שוין בײַ באַלעבאַטים „טעג”,
און דער אַלטער לערנט אים גיין אין גאָטס וועג.

---

עפּשער איז ווער פֿון די קינדער צופֿרידן,
וואָס זיי דרייען זיך אום צווישן פֿרומע יידן,
וואָס זיי האָבן אַזעלכע גרינגע קעסט—
פֿון די גוויריִשע פּאַמאַיעס דאָס שענסטע און דאָס בעסטע,

אָבער פּיוול לעבט אין גרויסן פֿאַרדרוס—
ניט נאָך דעם איז ער געלאָפֿן קיין קיעוו צופֿוס,
און וואָס וועט זיין פֿון אים דער מער,
ער וויל ניט זיין קיין ראַבאָנישע לעמעשקע.
ניט קראַנק איז ער ווערן
ווי געוועזן אַ רעוואָלוציאָנער!

אַזוי האָט ער זיך געגודעט אין דער יעשיווע אַ יאָר,
ביז איינמאָל ווערט ער פּלוצים געוואָר
(טאַקע דאָרט אַרום אויוון אין שול),
אַז קיעוו איז שוין ווייטער מיט באָלשעוויקעס פֿול.

אָבער אַז די יעשיווע האַלט ניט פֿון קיין באָלשעוויקעס,
האָבן זיי זיך אייגענע שפּיקעס.
און זיי זאָגן,
אַז וועלכן ייִנגל זיי וועלן באַמערקן אַרום „קאָמסאָמאָלץ",
וועלן זיי אים אַף טאַבאַק צעמאָלן.

און ווען זיי וועלן כאַפּן אַף צוריק,
וועט אים דער „אַלטער" פֿאַרברענען מיט איינציקן בליק,
און איינער, וואָס איז שוין באַגאַנגען אַזאַ פֿעלער,
ליגט שוין בײַ זיי צוויי יאָר אין קעלער.
בעסער, פּיוול היט זיך פֿון די זאַכן,
וואָרעם דו וועסט דערנאָכדעם ערגער מאַכן.

און פּיוולען ווערט פון אַזעלכע רייד קאַלט,
דערמאָנט זיך וויפל איז ער אינגאַנצן אַלט.
און דאַן, אויב איר געדענקט,
זײַנען נאָך ניט געווען קײַן פּיאָנערן,
ס׳זאָל זײַן צו וועמען זיך ווענדן און קערן,
און מע זאָל טאַקע איינעם
עפּעס קאָנען באַקלערן...

---

אָוונט־צײַט
גייט פּיוול מיט די יינגעלעך פון קלויז
(אים איז שוין נימעס דאָס לעבן),
נעמט ער און רוקט זיך אַרויס
און ער פאַרקערעוועט אינדערשטיל אַף אַ צווייטער גאַס.
אין דרויסן איז האַרבסט־צײַט,
ס׳איז פינצטער,
ס׳איז נאַס,
עפּשער וועלן זיי אים איצטער, די יינגעלעך, ניט יאָגן,
איז ער וועט אַוועק ווהין די אויגן וועלן אים טראָגן.

אַזוי ווי ער שטופּט זיך פאַרכושט און פאַרקלערט,
האָט ער פּלוצים דערהערט,
ווי צוויי קאָמסאָמאָלצעס, וואָס גייען פאָרויס,
טײַנען זיך אויס
(פּיוולען איז אַפילו געוואָרן אַ חידעש:
אין מיטן קיעוו, און זיי רײדן פאָרט יידיש),
און פון וואָס זיי ריידן?
אַז די יעשיוועס פאַרדאַרבן אַסאַך קינדער—
עס קוקט זיך קיינער ניט אום.
אַנטלויפן וועט עפּשער איינער פון הונדערט
אַרום און אַרום,
איצט דאַרף מען שטעלן די פראַגע אין צענטער,
מען באַדאַרף באַהאַנדלען די פראַגע אַביסעלע נענטער

און — — — — — — —
אַז פֿיַוול לויפֿט ניט אַרויס אַ פֿאַרקלעמטער
און שיסט ניט אויס אַ געוויין:
— כאַווייריִם!
דאָס בין איך דאָך אַליין!!!
— טאָ ווער־זשע ביסטו, אויב אַזוי?
— וואָס הייסט?
איך בין דאָך פֿיוול טראָפּעי
און וואָס איז עס פֿאַר אַ לעבן?
און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטראָף?!
און ער דערציילט זיי זײַן לעבן
פֿון אַלעף ביז טאָף.

V

אָט ווו ס׳עפֿנט זיך פֿאַר פֿיוולען אַ וועלט.
וואָס מיר זומער היצן,
וואָס מיר ווינטער קעלט?
אַרבעט!
און אַרבעט אָף אַרבעט
און שאַבעס, און זונטיק, און אַ קײַלעכדיקע וואָך—
קעסיידער גיב אַרבעט.

די ערשטע פּיאָנערן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט פֿיוולען,
און איצט זײַנען שוין אין מאַכנעס—
קינדער אַ מיליאָן;
ווו נאָר שטעט און ווו נאָר דערפֿער,
גרופּירן זיך לעניגער
אַרום דער רויטער פֿאָן.

ווו איז קאַווקאַז,
ווו איז סיביר

און ווי זײַנען קלײנינקע שטעטעלעך פֿון וואָלין,
אַז אַרײַנגעדרונגען איז שוין דער פּיאָנערישער רוף
אַזש קײַן בערלין,
אין דײַטשלאַנד, אין פֿראַנקרײַך,
אין כינע, אין יאַפּאַן,
און וואָס זאָלן די ענגלישע לאָרדן שוין זאָגן,
אַז די שטאַטן זײַנען אויך שוין אין קאָן

---

איצט איז שוין פֿיוול ניט זשעדנע קײַן גאַזעט ווי אַמאָל,
ער איז שוין אַ גרויסער און שרײַבט שוין אַליין אין די בלעטער,
פֿון צײַט צו צײַט הערט זיך זײַן קאָל
אַף די מיטינגען
און אַף די שטאָטישע פּלעצער.

---

און אויב די רעוואָלוציע איז אַלט צען
איז דאָך שוין פֿיוולען צווייונצוואַנציק,
ער איז הײַנט אַליין שוין אַן עלטסטער
(כאָטש גאָר אָן אַ קאַנטשיק);
ער איז אַן עלטסטער בײַ פּיאָנערן,
בײַ קאָמסאָמאָלצעס—אַ לײַט,
איצט גרייט ער זיך ווערן
אין דער פּאַרטיי אַ פֿאַרבײַט.

נאָר וואַרט אויס,
מען רופֿט שוין אין דער אַרמיי,
און פֿיוולען האָט מען אַוועקגעשיקט
אין דעם רויטן פֿלאָט.